# ארבייטער רינג
# קינדער ביבליאטעק

# דער שניי־מענטש



M. JANKOWITZ
BOOK DEALER
and PUBLISHER
181 EAST BROADWAY, N. Y.



ארויסגעגעבן פון
בילדונגס דעפארטמענט
ארבעטער רינג, 1928.

# דער שניי־מענטש

א נ ט י י ל נ ע מ ע ר :

זלאַטע — — — 12 יאָר אַלט.

מירל — — — 8 יאָר אַלט.

מאָטל — — — 10 יאָר אַלט.

נאָך אײנגלאַך און מײדלאַך.

אַ גרויס צימער. אין מיטן צימער אַ קיילעכדיקער טיש איבער־געצויגן מיט אַ ווייס טישטוך. רעכטס, בײַ דער וואַנט, אַ קאַנאַפּע. איבער דער קאַנאַפּע אַ גרויס פֿענסטער צום גאַס. דאָס איבעריקע מעבל ווי אין אַ געוויינלעך עס־צימער. לינקס אַ טיר צו די אַנדערע חדרים. מירל ליגט אויף דער קאַנאַפּע, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די הענט; איר האַלדז איז אַרומגעבונדן מיט אַ גרויסן האַנטטוך. נעבן דער קאַנאַפּע, אויף אַ קליין פֿוס־בענקל, זיצט זלאַטע און לייענט אַ מעשה'לע פֿון אַ בוך. מירל הערט זיך צו געשפּאַנט. די זון שײַנט דורכ'ן פֿענסטער. פֿון דרויסן הערט זיך אַ געלעכטער. זלאַטע און מירל לאַכן אויך.

**זלאַטע**

(לייענט): ...און אין דרויסן איז געווען אַ גרויסער פֿראָסט. אָבער דער הימל איז געווען לויטער און די זון האָט געשײַנט אויף די קעפּ פֿון אַלע קינדער. דער גאַנצער גאָרטן איז געווען פֿאַרשאָטן מיט שניי, און די ביימער האָבן אויסגעזען ווי גרויסע פֿינקלענדיקע זילבער־קרוינען. און דער שניי אויף דער ערד איז געווען זייער הויך, אַזוי הויך אַז די קליינע קינדער האָבן זיך קוים־קוים אַרויסגעזען — — —

**מירל:**

און די קינדער האָבן גאָר נישט מורא געהאַט?

**זלאַטע:**

פֿאַרוואָס זאָלן זיי מורא האָבן?

**מירל**

(פֿאַר'חלומ'ט): ווי שיין דאָס האָט געמוזט זײַן!

**זלאַטע**

(לייענט): האָבן זיך די קינדער צענויפֿגענומען אין אַ ראָד און באַשלאָסן צו מאַכן — (צו מירלען) טרעף, וואָס האָבן זיי באַשלאָסן צו מאַכן?

**מירל:**

אַ כאַטין!

**זלאַטע:**

ניין.

מירל

(מיט פרייד) : איך ווייס, איך ווייס — א שניי־מענטש!

זלאטע :

יאָ, אַ שניי־מענטש.

מירל

(פּאַטשט מיט די הענט) : אַ שניי־מענטש! אוי, האָט דאָס געמוזט זיין שיין!

זלאטע :

(לייענט) : און באַשלאָסן צו מאַכן אַ שניי־מענטש. האָבן די קינדער צווישן זיך אַזוי אָפּגעמאַכט : איינער וועט מאַכן די פיס, אַ צווייטער דעם קערפּער, אַ דריטער די הענט, אַ פערטער דעם קאָפּ, אַ פינפטער דאָס מויל, אַ זעקסטער די אויערן, אַ זיבטער די נאָז און אַן אַכטער — די נשמה.

מירל :

די נשמה? ווי אַזוי קאָן מען מאַכן אַ נשמה?

זלאטע :

וואַרט, איך וועל לייענען, וועסטו וויסן.

מירל

(בויגט זיך צו נענטער צו זלאַטען) : טאַטע, ווי אַזוי מאַכט מען אַ נשמה? לייען גיכער!

זלאטע :

(לייענט) : די קינדער האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. איטלאַכער האָט פאַר זיך אָנגעשאַרט אַ קופּקעלע מיט שניי און שטילערהייט, באַ זיך אין געדאַנק, האָט איטלאַכער געקלערט ווי אַזוי ער וועט מאַכן זיין טייל פון דעם שניי־מענטש. דער אינגל, וואָס האָט באַדאַרפט מאַכן די נשמה, האָט אָנגע־שאַרט נאָר אַ גרויסע קופּע מיט שניי — — —

מירל :

פאַרוואָס האָט ער באַדאַרפט האָבן מער שניי איידער אַלע אַנדערע קינדער?

זלאטע :

איך ווייס — פון וואַנען זאָל איך וויסן?

**מירל:**

מסתמא האָט ער געוואָלט מאַכן אַ גרויסע נשמה.

**זלאַטע:**

מסתמא.

**מירל:**

אַ גרויסע נשמה איז בעסער. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז פעטער דוד האָט אַ גרויסע נשמה.

**זלאַטע:**

דער פעטער דוד איז אַ גוטער.

**מירל:**

טאַקע דערפאַר האָט דער טאַטע אַזוי געזאָגט. אָבער ווי אַזוי קאָן מען מאַכן אַ נשמה פון שניי?

**זלאַטע:**

איך ווייס — פון וואַנען זאָל איך וויסן?

**מירל:**

לייען ווייטער, איך בעט דיך.

**זלאַטע:**

(לייענט): די קינדער האָבן געאַרבעט מיט גרויס חשק. איטלאַכער איז געווען פריילאַך און אַלע האָבן געזונגען, געלאַכט און געשטיפט. זייערע פריילאַכע קולות האָבן זיך געטראָגן הויך אין הימל אַריין און די זון האָט אַזוי העל געשיינט, אַקוראַט ווי זי וואָלט אויך הנאה געהאַט. די קינדער זיינען געווען גליקלאַך מיט'ן געדאַנק, אַז באַלד וועלן זיי האָבן אַ פאַרטיקן שניי־מענטש — — — —

**מירל:**

(אין דעמזעלביקן טאָן וואָס זלאַטע): מיט אַ נשמה.

**זלאַטע:**

מיט אַ נשמה — (צו מירלען) וואָס זאָגסטו מיר אונטער? דאָס שטייט נישט איך בוך.

מירל
(פרויעריק): נישט מיט אַ נשמה? האָסט דאָך ערשט גע־זאָגט, אַז — — —

זלאַטע:
מען האַלט נאָך נישט דערביי. אַז מען וועט פּאַרטיק ווערן מיט'ן קערפּער, וועט מען זיך נעמען צו דער נשמה.

מירל:
גוט־גוט. לייען ווייטער.

זלאַטע
(לייענט): אין אַ שעה אַרום איז דער קערפּער שוין געווען פאַרטיק — — —

מירל
(אין דעם זעלביקן טאָן וואָס זלאַטע): האָט מען זיך גענומען צו דער נשמה. (פון דרויסן דערטראָגט זיך אַ גרויסער רעש פון קינדער. זלאַטע און מירל טוען זיך אַ לאָז צום פענסטער וואָס איבער דער קאַנאַפּע, און קוקן אַרויס).

זלאַטע:
זע, די קינדער מאַכן אַ שניי־מענטש!

מירל
(טאַנצט און פּאַטשט מיט די הענט): יאָ, אַ שניי־מענטש:

זלאַטע:
מאָטל איז אויך דאָרט!

מירל:
יאָ, מאָטל אויך!

זלאַטע:
זע וויפיל שניי מאָטל האָט אָנגעשאָטן!

מירל:
אפשר פאַר דער נשמה?

זלאַטע:
אפשר.

מירל:

אט מאכן זיי שוין דעם קאפ!

זלאטע:

זע נאר וואס פאר א גרויסער קאפ!

(געלעכטער).

מירל:

אוי, איך האב מורא אז דער קאפ וועט אראפפאלן.

זלאטע:

ער וועט נ י ש ט אראפפאלן.

מירל:

הלואי נישט.

זלאטע

(קלאפט אין פענצטער): מאטל, האלט נוט דעם קאפ!

מירל

(מיט צענויפגעדריקטע פויסטן): מאטל, קלאפ אריין דעם קאפ שטארקער!

זלאטע.

אזוי, מאטל, אזוי.

מירל:

איך וואלט אזוי וועלן דארט זיין!

זלאטע:

ניין, טארסט נישט. דער האלדז טוט דיך וויי.

מירל:

עס טוט מיך שוין נישט וויי.

זלאטע:

די מאמע האט געהייסן זאלסט זיצן אין שטוב.

מירל:

לאז־זשע מיר זען בעסער. (גראבט איין דעם קאפ אין פענסטער): זע מאטל מאכט שוין דעם מויל! (קוויטשעט): וואס שטופט ער דעם שטעקן אזוי טיף?!

**זלאַטע:**

אוי, ער קאָן נאָך דורכלעכערן דעם האַלדז.

**מירל**

(קלאַפּט אין פענסטער און שרייט): מאַטל, וועסט דורכלעכערן דעם האַלדז!

**זלאַטע**

(שרייט): מאַטל, מאַך דעם שנײַ האַרט, וועט דער קאָפּ נישט אַראָפּפאַלן.

**מירל**

(מאַכט מיט די הענט אַזוי ווי זי וואָלט אײַנגעקלאַפּט דעם שנײ):
אַזוי, מאַטל, אַזוי.

**זלאַטע**

(זיפצט): דאָס מויל איז שוין פאַרטיק.

**מירל**

(זיפצט): און דער קאָפּ איז נישט אַראָפּגעפאַלן.

**זלאַטע:**

זע־נאָר דאָס מויל!

**מירל:**

ווי בײַ אַן עלפאַנט.
(געלעכטער).

**זלאַטע:**

זע־נאָר די פיס!

**מירל:**

זע־נאָר די הענט!

**זלאַטע:**

אָט מאַכן זיי די נאָז!

**מירל**

(קווישעט און לאַכט): די נאָז איז אַראָפּגעפאַלן!
(פון דרויסן הערט זיך אַ געלעכטער. זלאַטע און מירל לאַכן אויך).

**זלאַטע:**

ווי מאָרגנס ער קוקט אויס אַן אַ נאָז.

**מירל:**

איך וואָלט קיינמאָל נישט וועלן אַזוי אויסקוקן.

**זלאַטע:**

אָט מאַכן זיי אַן אַנדער נאָז!

**מירל:**

די האַלט זיך, זעסט!

**זלאַטע**

(רייבט די הענט): איצט דאַרפן זיי נאָך מאַכן די אויערן.

**מירל:**

און דערנאָך — (טוט זיך אַ כאַפּ) לאָמיר אַריינרופן מאַטלען און אים זאָגן וועגן דער נשמה.

**זלאַטע**

(רופט): מאָטל!

**מירל**

(העכער): מאָטל!

**זלאַטע:**

קום אַריין!

**מירל:**

קום, מיר ווילן דיר עפּעס זאָגן.

**זלאַטע:**

ער קומט!

**מירל:**

אַלע קומען!

(שפּרינגט אַרויף אויף דער קאַנאַפּע און באַלד צוריק אויפ'ן דיל. דערנאָך כאַפּט זי אָן זלאַטע'ן ביי די הענט און ביידע דרייען זיך אין אַ ראָד און זינגען: „אַלע קומען! אַלע קומען!" עס קומען אַריין מאָטל, נאָך אים אַ סך אינגלאַך און מיידלאַך).

**מאָטל**

(צו זלאַטען) : וואָס האָסטו מיך גערופן?

**זלאַטע :**

מירל וויל דיר עפּעס זאָגן.

**מירל :**

ניין, זלאַטע וויל דיר עפּעס זאָגן.

**זלאַטע :**

מירל זאָגט, אַז דער שניי־מענטש דאַרף זיין אַ לעבעדיקער.

**אַ אינגל :**

אודאי וועט ער זיין אַ לעבעדיקער!

(געלעכטער).

**אַ צווייט אינגל :**

ער וועט טאַנצן אויך.

(געלעכטער).

**אַ דריט אינגל :**

און זינגען וועט ער דען נישט?

(געלעכטער).

**אַ מיידל :**

פאַרוואָס זאָל ער בעסער נישט פייפן?

**אַלע**

(חוץ זלאַטע און מירל) : פייפן! פייפן!

(געלעכטער).

**מירל**

(אין פאַרלעגנהייט) : קודם מוז ער אָבער האָבן אַ נשמה.

**מאָטל :**

נאַ־דיר גאָר אַ נשמה!

(געלעכטער)

**אַ מיידל :**

זי מיינט אפנים אַז אַ נשמה מאַכט זיך אַזוי גרינג.

**א צווייט מײדל:**

קיינער קאָן נישט מאַכן אַ נשמה.

**מאַטל**

(צו מירלען) : פון וואָס זאָל מען מאַכן אַ נשמה?

**מירל**

(קוקט אויף זלאַטען) : פון... פון שניי.

(געלעכטער).

**מאַטל:**

מירל, ביסט אַ נאַר. אַ נשמה קאָן מען פון שניי נישט מאַכן.

**מירל:**

פון וואָס דען?

**מאַטל**

(הויך) : אַ נשמה מאַכט מען — (שטיל) אַ נשמה מאַכט מען — פון וואַנען זאָל איך וויסן פון וואָס מען מאַכט אַ נשמה?

**מירל:**

זלאַטע האָט געלייענט אַז מען קאָן. (צו זלאַטען) : אפשר ניין?

**זלאַטע:**

איך האָב דאָס מעשה'לע נאָך נישט געענדיקט.

**מאַטל:**

מסתמא האָט זיך איר געחלומ'ט.

**אַלע**

(חוץ זלאַטע און מירל) : מסתמא.

**זלאַטע:**

אָט וועל איך לייענען, וועלן מיר זען. (זי זעצט זיך אויף דער קאַנאַפּע, די קינדער אַרום איר. לייענט) : ווען עס איז געקומען צו דעם אינגל, וואָס האָט באַדאַרפט מאַכן די נשמה, האָבן זיך אַלע קינדער צונויפגעקליבן אַרום אים און געוואַרט. דער אינגל האָט געקלערט און געקלערט — — —

**מירל**

(געשפּאַנט) : געקלערט און געקלערט — — —

**אלע**

(חוץ זלאַטע און מירל) : געקלערט און געקלערט — — — —

**מאַטל :**

און גאָרנישט אויסגעקלערט.

(געלעכטער).

**א מיידל :**

קינדער, ווייסט איר גאָר וואָס? לאָמיר גיין ענדיקן דעם שניי־מענטש...

**א אינגל**

(צו זלאַטען) : און דו וועסט דערווייל לייענען.

**א מיידל**

(צו זלאַטען) : און אַז דו וועסט אויסגעפינען ווי אַזוי דער אינגל האָט געמאַכט די נשמה — — — —

**מאַטל**

(צו זלאַטען) : זאָלסטו אונז אַלעמען אַריינרופן.

**מירל :**

גוט, איך וועל אייך אַריינרופן.

**מאַטל**

קומט, קינדער!

(אַלע אַריינגעקומענע קינדער גייען צוריק אַרויס. פון יענער זייט הערט מען זיך : „נאַ דיר גאָר אַ נשמה", דערנאָך אַ געלעכטער).

**מירל :**

זלאַטע, לייען גיכער, איך בעט דיך.

**זלאַטע**

(לייענט) : דער אינגל האָט געקלערט און געקלערט. דערנאָך האָט ער געזאָגט — (זי ווערט אומעטיק און לייענט ווייער לאַנגזאַם) אַז... ער... ווייסט... נישט... ווי אַזוי... צו מאַכן... די נ־ש־מ־ה.

**מירל**

(לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ) : און דער שניי־מענטש איז געבליבן אָן אַ נשמה...

(פון דרויסן הערט זיך אַ רעש געמישט מיט געלעכטער און קוויטשערײַ. זלאַטע לויפט צו צום פענסטער, מירל נאָך איר).

**זלאַטע:**

דער שניי־מענטש האָט זיך צעבראָכן!

(מיט אַ פּאַטש מיט די הענט אין די באַקן) : צעבראָכן! (שטיל צו זלאַטען אין אויער) : אפשר דערפאַר, ווייל ער האָט נישט קיין נשמה?

**זלאַטע**

(פאַרקלערט) : אפשר — — — —

פ אַ ר ה אַ נ ג.

# קינדער־ליטעראַטור

## ביאָגראַפיעס פון באַרימטע מענטשן, און אַנדערע ביכלאַך

ארויסגעגעבן פון

## בילדונגס־דעפּאַרטמענט פון ארבעטער רינג

| | |
|---|---|
| יאָמיר קינדער זינגען (לידער מיט נאָטן) — פון מ. געלבארט | $ .75 |
| גאַריבאַלדי (ביאָגראַפיע) — פון ש. הורוויץ | .10 |
| זשאָרעס (ביאָגראַפיע) — פון ש. הורוויץ | .10 |
| קאַרל מאַרקס (ביאָגראַפיע) — פון י. ב. ביילין | .15 |
| בוקער ט. וואַשינגטאָן (ביאָגראַפיע) — פון ל. פאַגעלמאַן | .15 |
| משה מענדעלסאָן (ביאָגראַפיע) — פון ש. הורוויץ | .15 |
| שרה'קע (דערציילונג) — פון י. אַפּאָטאָשו | .15 |
| פאַכן ליכט (קינדער פּיעסע) — פון אסתר שומיאַטשער | .25 |
| שפּילן פאַר קינדער — פון י. שטיינבוים | .75 |
| פערדינאַנד לאַסאַל (ביאָגראַפיע) — פון י. ב. ביילין | .20 |
| דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ (ביאָגראַפיע) — פון ש. הורוויץ | .10 |
| מאַטעס טרעמפּ (קינדער פּיעסע) — פון מענדל עלקין | .25 |
| דאָס גרינע אינגעל (קינדער פּיעסע) — פון י. קרעפּליאַק | .15 |
| דער שניי־מענטש (קינדער פּיעסע) — פון יצחק האַראָוויץ | .15 |
| וואָס מיר זינגען — בריוון מיר (קינדער פּיעסע) — פון יצחק האַראָוויץ | 1.5 |
| אידישע געשיכטע פאַר שול און פאַרק (ערשטער באַנד) — פון חיים שורס | .75 |
| אידישע געשיכטע פאַר שול און פאַרק (צווייטער באַנד) — פון חיים שורס | .75 |
| קינדער רינג (רימען) — פון מענדל עלקין, מוזיק פון ה. וואָלאָוויטש | .15 |
| ארבעטער רינג שול פראָגראַם (די פּרייזן זיינען אָן פּאָרטאָ) | .25 |

גאַבט אייערע באַשטעלונגען דירעקט בילדונגס דעפּאַרטמענט :

*The Workmen's Circle Educational Department*

175 East Broadway, New York, N. Y.